אויסגאַבע פֿון דיא פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטײ

# הערשעל דער שניידער

(Herszel der sznajder)

בעאַרבייטעט פֿון׳ם פוילישע

פֿון

מ. מיכלזאהן.

לאנדאן

1903.

פֿרייטאָגצונאַכטס. אַ קורצער ווינטער-טאָג. זעקס דער זייגער און עס איז שוין נאָכ'ן דאַוונען און עסען. עס בלייבט ליידיג אַ גאַנצער אָבענד, אָט, מען דאַרף גיין צו הערשיל דעם שניידער. עס איז אפילו גאַנץ ווייט — ער וואָהנט אין עק שטאָדט, אין דער גוי'אישער גאַס, נור דערפֿאַר וועט דאָרט זיין בעקוועם.

איך ווייס טאַקע ניט קיין גרעסערן פֿערגעניגען וויא צו זיצען ביי הערשלען און הערען איהם ריידען.

ניט לאַנג האָב איך איהם דערקענט. עס איז ערשט אין גאַנצען אַ האַלב יאָהר, וויא ער איז צוריקגעקומען. גאַנצע צעהן יאָהר איז ער נישט געווען אין דער היים. וואו ער האָט געוואָלגערט — ווייס איין גאָט. דיא בעלי הבתים שאָקלען מיט דיא קעפּ ריידענדיג וועגען איהם. משה דער מלמד דערצעהלט, דאָס ער איז נאָך אַלס אינגעל געווען עפּעס גאָר אַנדערש וויא אַלע קינדער: אָנגענומען זיך פֿאַר דיא שוואַכע קינדער, געפֿרעגט קשיות — אַז גאָט זאָל שומר ומציל זיין.

אָט שוין ניט ווייט. מען זעהט שוין פֿון ווייטען אַ שיין דורך אַ קליין פֿענסטערעל. געוויס זיצט ער און לייענט. ווען איך קום נור צו איהם, דערוויס איך איהם מיט אַ ספר אין האַנד, אַמאָל שרייבענדיג. נור פֿרייטאָגצונאַכטס קומען זיך צונויף עטליכע אַרבייטער, וואָס אַרבייטען מיט איהם צוזאַמען, און ער דערציילט זיי פֿערשיעדענע זאַכען. איבערהויפּט האָבען זיי איהם ליעב פֿאַר זיין אָרענטליכען בעגיין זיך מיט יעדען איינציגען, וויא יונג ער זאָל ניט זיין און איבערהויפּט דערפֿאַר, ווייל ער נעהמט זיך אָן פֿאַר זיי און זינד ער איז אָנגעקומען איז זיי פּיעל בעסער.

אויך היינט האָב איך זיי דערוויסט: אהרן, חיים, משה און שלמה. אפילו ברוך דער לעהרען-אינגעל שטעהט אָן אַ זייט.

— וואָס, עס איז קאַלט אויפ'ן גאַס? — פֿרעגט מיך הערשעל גע-בענדיג מיר דיא האַנד, אָברייסענדיג זיך אַ ווײַלע פֿון בוך.

— אָ, זעהר! אמת'ר שבט; שטאַרקע פֿרעסט.

— און דערביי גייסטו אָנגעטהאָן וויא אדם הראשון, נאָכדעם וויא ער האָט געגעסען פֿון עץ הדעת, אַבי צו פֿערדעקען דיא חרפּה.

— אָט — ענטפֿער איך — אויף קיין בעסערע סטאַרצעט ניט. זאָגט מיר, הערשעל, וואָס לייענט איהר?

— וועגען אָבצאָהלען.

— וואָס?

— אָבצאָהלען, פּאָדאַטקעס; דאָס וואָס יעדער איינציגער צאָהלט אָב דער רעגיערונג.

— איך — זאָגט אהרן — צאָהל ניט קיין פּאָדאַטעק. מיין טאַטע אפילו אויך ניט. און איהר, פֿרעגט ער אונז. גיין, ענטפֿערן מיר איהם.

— וואַרט אָקאָרשט — רופֿט זיך אָן הערשעל — עס איז נאָך ניט אין גאַנצען ריכטיג. וואָס וואָלסטו זאָגען, משה, ווען איך וועל דיר בעווייזען, דאָס דו צאָהלסט זעהר פֿיעל דער רעגיערונג?

— ווער, איך?

— יא, דו, מיין הערר.

— וויפֿיעל פֿערדיענסט דו אַ וואָך? — פֿינף רובעל. גוט. טרינקסט דו בראַנפֿען?

— ניט קיין סך, עס קאָסט זעהר טהייער; עס איז ניטאָ מיט וואָס דיא ליפען צו בענעצען פֿאַר 10 גראָשען. עטוואָס מעהר טרינקען איז שוין אַ דלות.

— ווייסט איהר פֿאַר וואָס בראַנפֿען קאָסט אַזוי טהייער?

— איך האָב געהערט, זאָגט משה, עס איז ווייל מען פֿערוועדט צו פֿערקויפֿען וואָלוועל. אהרן שלמה׳ן האָט מען איינגעזעצט, ווייל ער האָט געבראַכט שטילערהייט וואָלוועלען בראַנפֿען און פֿערקויפֿט.

— וואָס וואָלט זיי דאָס שאַדען, ווען בראַנפֿען וואָלט געווען וועלוועלער? עס מוז זיין עפּעס אַנדערש, רופֿט זיך אָן אהרן.

— האָסט רעכט — זאָגט הערשעל — הערט, איך וועל אייך ערקלערען וויא עס גייט צו.

וויא איהר ווייסט, זינד דיא רעגיערונג האָט איינגעפֿיהרט דעם מאָנאָפּאָל, מעגען דיא וואָס מאַכען בראַנפֿען זייער סחורה פֿערקויפֿען נור צו דער רעגיערונג. זיא צאָהלט אַ רובעל פֿאַר יעדער עמער. געוויס פֿערקויפֿען זיי ניט אָהן פֿערדיענסט. אָבער דער פֿערדיענסט פֿון דיא וואָס טרייבען בראָנפֿען איז גאָר נישט אין פֿערגלייך מיט דעם וואָס דיא רעגיערונג פֿערדיענט. זיא קויפֿט יעדער עמער פֿאַר איין רובעל און פֿערקויפֿט פֿאַר זיעבען. פֿון יעדען עמער פֿערדיענט זיא זעקס רובעל. דאָס הייסט, דאָס ווען דו קויפֿסט פֿאַר 14 גראָשען בראַנפֿען, פֿאַרדיענט דיא רעגיערונג אָן דעם 12, דען דאָס ביסעל בראַנפֿען קאָסט נור צוויי גראָשען. און וואו קומט אַהין דיא געלד וואָס דיא רעגיערונג רייסט פֿון אונז ערגער וויא אַ פּראָצענטניק? אַ טהייל פֿאַר געהאַלט פֿון אַקציז-בעאַמטע, אַ חלק אויף קאָסטען פֿון אַ מאָנאָפּאָל-קראָם, און דיא גרעסטע טהייל גייט אין דיא קעשענעס פֿון דעם צאַר און דיא וואָס רעגיערען צוזאַמען מיט איהם. איהר ווייסט גאַנץ גוט, וויא שווער יעדער גראָשען קומט אָן, וויפֿיעל מוז אַ מענש אַרבייטען איידער ער פֿערדיענט איהם.

און דאָ פֿאַר יעדען שלוק בראַנפֿען הייסט מען צאָהלען צעהן מאָל אַזוי פֿיעל וויא עס איז ווערטה. און ווערען צאָהלען — דיא גראָבע בייכער!

— זעהט נור — זאָגט אהרן — ווער וואָלט זיך דאָס געריכט: עס דוכט זיך דו טרינקסט אויס אַ גלעזעל בראַנפֿען, בעצאָהלסט וואָס עס קומט און קוויט, און דאָ צאָהלסטו גאָר דעם פּריץ, אַקציזניקעס און זאָגאַר דעם קייזער אַליין.

— געוויס, נור איהר צאָהלט און ווייסט אפילו ניט געגוי וויא און וואָס.

און מיט טאַבאַק איז דען אַנדערש? כאָטש, גוואַלד, עס גייט דאָך אַוועק מיט'ן רויך און דאָך איז שווער זיך אָבצוגעוויינען פֿון דעם פֿערגעניגען. אָט, פֿעררויכערסט אַ פּאַפּיראָס פֿערגעסטו ניט איין מאָל אָן הונגער. דו קויפֿסט אַ פֿערטעל טאַבאַק אָדער מאַכאָרקע — און אַ העלפֿט געלד נעהמט דיא רעגיערונג. און אַזוי איז מיט אַלעמען. צו וואָס דו ווענדסט זיך נור צו־ריהרען — צו עטוואָס עסען, טרונקען, אַ מלבוש אָדער אַ שטוב זאַך — צאָהלסטו פּאָדאַטעק. און דאָס נעהמט מען כלומר'שט ביי דיר ניט מיט געוואַלד, נור מיט'ן גוטען ווילען גיעבסט דו דאָס; קיינער, זאָגען זיי, נייט דיך ניט דערצו: האָסט געלד און חשק, קויף — ניט טאָ קויף ניט. אָט אַזוי צאָהלסטו דעם פּאָדאַטעק און אויף אַזאַ אופן, אַז דו ווייסט דערפֿון אַליין ניט, און דיר דוכט זיך דאָס דו צאָהלסט נור פֿאַר דיא סחורה.

דיזער אָבצאָהל ענטשיעדעט זיך פֿון אַנדערע אָבצאָהלונגען וועלכע דיא רעגיערונג נעהמט פֿון דיא איינוואָהנער פּראָסט דערמיט, דאָס ערשט דורך דיא סוחרים, פֿאַבריקאַנטען קומט דאָס געלד אָן דער רעגיערונג. אַזאַ אָבצאָהל רופֿט זיך אומדירעקטער און אונטערשיידעט זיך פֿון ערשטען. דיזען אָבצאָהל נעהמט נישט דיא רעגיערונג מיט געוואַלד, דורך פּאָליציי, נור שטילערהייד, וויא אַ גנב אויפֿ'ן מאַרק, ציהט זיא אַרויס דעם אַרבייטער און בויער דעם לעצטען גראָשען פֿון קעשענע.

— „מען קען גאָר ניט האָבען געגען אַזאַ מין פּאָדאַטעק" — זאָגען מענשען — „קיינער נייט דיך ניט: דו ווילסט צאָהל, ווילסט ניט, טאָ צאָהל ניט". מיר דוכט זיך אָבער עס איז פֿאַלש, דען אָהן עסען, טרינקען און הלבשה קען זיך קיינער ניט בעגעהן.

— אָט דאָס איז דאָך דיא גאַנצע זאַך — ענטפֿערט הערשעל — דיא רעגיערונג ווייסט גאַנץ גוט, אַז עס זיינען דאָ זאַכען אָהן וועלכע קיין מענש קען זיך ניט בעגעהן, וועלכע מען מוז קויפֿען, צו מען וויל, צו מען וויל ניט. דיזע זאַכען אַלזאָ האָט זיא בעלייגט מיט אָבצאָהלונגען. זיא קלעהרט ביי זיך: ווען מען וואָלט אַזוי אויף אַן אַרבייטער אַרויפֿגעלייגט אַ פּאָדאַטעק פֿון צוואַנציג, דרייסיג רובעל וואָלט ער שרייען גוואַלד און ניט ווערען צאָהלען. ערשט אָבער צאָהלט ער נאָך מעהר ביסלעכווייז און ווייס אַליין ניט, אַז דאָס אַלעס קומט אַריין צו דער רעגיערונג. און דאָס איז נאָך ניט אַלעס! עס זיינען דאָ אַזעלכע אָבצאָהלונגען פֿון וועלכע דו ווייסט געוויס ניט דאָס זיי זיינען פֿאַראַן און דאָך מוזטו זיי צאָהלען. צום ביישפּיעל, סטעמפּעל (גערבאָווע) מאַרקעס. דאָס פּאַפּיר אַליין איז גאָר ווייניג ווערטה,

אַ גראָשען, צוויי און דאָך צאָהלסטו פֿאַר איהר אַ רובעל, צוויי און נאָך מעהר, און אָהן דעם קען מען זיך ניט בעגיין. יעדע פראָשבע מוז האָבען איין אָדער צוויי מאַרקעס. אָדער, אַז דער סוחר צאָהלט פֿאַר אַ קאָנצעסיאָן, בילעט אָדער גאָר אַ גילדע — פֿון וואַנען נעהמט ער אויף דעם געלד? געוויס נור פֿון דיא וואָס קויפֿען ביי איהם. איהר געהט אין קראָם און בעט: „פֿערקויפֿט מיר אַ פֿונט אייל״ — גוט. „וויפֿיעל קאָסט?״ — פֿיערציג גראָשען. „צו האָסטו גאָט אין הארצען! פֿאַר וואָס ווילסטו אַזוי טהייער. דו קויפֿסט דאָך אייל צו 4 רובעל אַ פוד, וואָס מאַכט נור אוים 20 גראָשען אַ פֿונט!״

— אמת — זאָגט ער — איך האָב אַזוי געצאָהלט, און וואו איז אַ בילעט, און וואו זיינען פּאַטענטעס? וואָס ווערסטו איהם אויף דעם זאָגען?

אָדער אַמאָל קלערסטו וואָס איז דיא אורזאַכע וואָס אַלעס ווערט טהייער. און דו ווייסט ניט, דאָס אויסער דעם וואָס דיא זאַך איז ווערטה צאָהלסטו נאָך שטייער דער רעגיערונג. אָט נעהמט אַזאַביישפּיעל. אַ סוחר קויפֿט אַ מאַשין אין אויסלאַנד און פֿיהרט זיא אַהיים. אויף דער גרענעץ וואו עס איז דאָ דיא קאַמער ווערט פֿון אַלע סחורות אָבגעצאָהלט, געזיעגעלט; דיא רע-גיערונג נעהמט דאָרט שטייער טויזענד רובעל. דיא מאַשין קומט נאַך לאָדז אָדער ווארשא, וואו מען וועבט אויף איהר ליינוואַנד, פערקאַל און מען פֿער-קויפֿט נאָכהער דיא סוחרים אויפֿ׳ן שטיק. דיא סוחרים פֿערקויפֿען ווידער דאָס צו דיא אַרבייטער און בויערן אויפֿ׳ן אַרשין צום אייגענעם געברויך. דער גרויסער פֿאַבריקאַנט אַלזאָ שלאָגט זיך אָב אָן דעם סוחר אויסער זיין פֿערדיענסט און דאָס וואָס עס קאָסט איהם דיא סחורה, אויך דיא טויזענד רובעל וואָס ער האָט אָבגעצאָהלט דער רעגיערונג, דער סוחר רעכענט דאָס צו און פֿערקויפֿט דערפֿאַר טהייערער דיא ליינוואַנד, פערקאַל דעם אַרבייטער און דעם בויער. דיא לעצטע אָבער האָבען שוין ניט וועמען אָבצושלאָגען, ווייל זיי פֿערקוי-פֿען עס ווייטער ניט.

וויא איהר זעהט, צאָהלען דיא אַרבייטער און דיא בויערן דיא שטייער ניט נור פֿאַר זיך, נור אויך פֿאַר׳ן סוחר און פֿאַבריקאַנט.

איהר צאָהלט פּאָדאַטעק פֿון אַלעס וואָס איהר קויפֿט אויפֿן מאַרק. און ווען איהר זאָלט אפֿילו זיך עטוואָס אַליין מאַכען, צאָהלט איהר אויך אָב פֿון דיא רויהע שטאָף, צום ביישפּיעל פון אייזען אָדער האָלץ.

ניט נור אָבער בלויז פֿון אַזעלכע זאַכען נעהמט דיא רעגיערונג אָב-צאָהל. ביי אונז אין רוסלאַנד, וואו דיא רעגיערונג האָט אַ לעבערדיגע קעשענע, שטייגען טאָג-טעגליך דיא פּאָדאַטקעס אויף אַזעלכע פראָדוקטען, אָהן וועלכע אַ מענש קען אַ טאָג ניט איבערלעבען. וואָס קען זיין נויטהיגער וויא אַ שוועבעלע, נאַפט און זאַלץ. און אָט טאַקי פֿון דיא פראָדוקטען רייסט דיא רעגיערונג אַזעלכע גרויסע אָבצאָהלונגען, אַז עס איז אַ שרעק צו הערען. נאַפֿט צום ביישפּיעל קאָסט אויפֿ׳ן אָרט זעהר ווייניג. זאָגאַר נאָך אַלע קאָס-טען וואָלט מען געקענט פֿערקויפֿען 2 גראָשען אַ פֿונט און מען פֿערקויפֿט 14—19 און נאָך מעהר. אויף זאַלץ און שוועבלאַך דאָס זעלבע. קורץ, עס איז ניטאָ אַ זאַך וואָס מען קען קאָנטראָלירען

באַנדעראַלען, דיא רעגיערונג זאָל זיא ניט בעלייגען מיט אָבצאָהלונגען. ווען זיי וואָלטען געקענט וואָלטען זיי דיא לופֿט אייגגעפּאַקט אין קעסטלעך און פֿערזיעגעלט מיט׳ן רעגיערונגס-זיעגעל. פֿון וואַסער, פֿיש-כאַפּען און וואַסער-פּאָמפּען האָט שוין דיא רעגיערונג איינקינפֿט.

— אמת — זאָגט איינער — אָבער דאָך ניט מיר אַליין קויפֿען אַלעס. דיא פּריצים און סוחרים טרינקען אויך בראנפֿען, קויפֿען טוך און אַנדערע זאַכען. מוזען זיי דאָך אויך עטוואָס דערפֿאַר אָבצאָהלען?

— זיי צאָהלען, יא, זיי צאָהלען. נור פֿון זייער צאָהלען צו אונזערן איז וויא פֿון אַ פֿליעג צו אַן אָקס. זאָג אַליין, ווען איינער איז אפילו צעהן מאָל אַזוי רייך וויא דער אַנדערער, טרינקט ער ניט אויס צעהן מאָל אַזוי פֿיעל בראנפֿען. וואָס אמת, דער גביר טרינקט אפשר צעהן מאָל אַזוי פֿיעל וויא דער אָרים מאַן, אָבער ער טרינקט אויסלענדישען וויין טאָ וואָס איז?

— אויב ער טרינקט צעהן מאָל אַזוי פֿיעל, צאָהלט ער פּאָדאַטקעס צעהן מאָל אַזוי פֿיעל.

— טאָ וואָס איז ווען אפילו ער צאָהלט. עס קומט דאָך אויס, דאָס דיא אָרימע לייט צאָהלען מעהר פֿאַר דיא רייכע, וואָרים רייכע איז דאָ זעהר ווייניג — אַ הונדערטעל אפשר און דאָס אויך ניט. איהר זעהט, ווען יעדער רייכער זאָל אפילו צאָהלען צעהן מאָל אַזוי פֿיעל ווי דער בויער אָדער אַרבייטער, צאָהלען דיא אָרימע צעהן מאָל אַזוי פֿיעל וויא דיא רייכע. און דערבײַ פֿערגעסט ניט, אַז פֿון טהייערע ווייגען איז דער אָבצאָהל אַ קליינער.

— איהר האָט רעכט — רופֿט איך זיך אָב. עס דוכט זיך דאָס דער אָבצאָהל וועלכען איהר האָט איהם גערופֿען „אונדירעקטער אָבצאָהל" איז גרעסער און שווערער פֿאַר דעם פּראָסטען פּאָדאַטעק.

— אָ, נאָך וויא, זאָגט הערשעל. דעם פּראָסטען אָבצאָהל צאָהלט יעדער פֿאַמילען-פֿאטער און פּטור. אָבער קליידער, געפֿעס, נאַפֿט און בראנפֿען איז אַנדערש. צו נור איהר אַליין קליידעט זיך, טרינקט בראנפֿען און זאָ ווייטער, צו דאָס ווייב און קינד דאַרפֿען עס ניט? ניט נור איהר אַליין צאָהלט פּאָדאַטקעס, עס צאָהלען אויך אייערע ווייבער און קינדער פֿון יעדען ביסען וואָס איהר לייגט אין מויל אַריין — נור עס דוכט זיך, דאָס דיא אונדירעקטע אָבצאָהלונגען זיינען ניט אַזוי שווער, ווייל דו צאָהלסט זיי ניט מיט אַ מאָל, נור ביסלעכווייז, יעדעס מאָל ווען דו קויפֿסט עטוואס. דו בעמערקסט אַליין ניט וויא דו בעצאָהלסט.

איבעריגענס, וואָס דאַרף מען אַ סך ריידען. איך וועל אייך ווייזען וויפֿיעל דיא רייכע צאָהלען און וויפֿיעל דיא אָרימע: ערשטענס, בראנפֿען טרינקען כמעט אַלע אָרימע — דיא רעגיערונג האָט דערפֿון 420 מיליאָן רובעל אַ יאָהר. ווייטער זיינען דאָ אָבצאָהלונגען אויף פּאַפּיר- סטעמפּעל, אויף נאַפֿט, זאַלץ, שוועבלעך, באַהנען א. ז. וו., בילעטען אין דיא געוועלבער פֿאַר וועלכע דער בויער מיט׳ן ארבייטער בעצאָהלען, וויא איהר האָט שוין געזעהן, שטייער אויפ׳ן גרענעץ — אַלץ צוזאַמען 350 מיליאָן אַ יאָהר. לאָמיר רעכענען, אַז דיא רייכע צאָהלען אַ פֿינפֿטעל. זיי צאָהלען געוויס ניט

אַזוי פיעל, נור זאָל שוין זיין! ציהען מיר אָב פֿון אונזער רעכנונג 70 מיליאָן, נאָך דעם אַלעמען קומט אויס, אַז פֿון דעם אָרימען פֿאָלק אַליין האָט דיא רעגיערונג 700 מיליאָן רובעל יעהרליך.

איצט פֿערגלייכט דעם אָבצאָהל פֿון דיא רייכע און פֿון דיא אָרימע: 70 מיליאָן און 700 מיליאָן.

אין רוסלאַנד, וואו עס איז דאָ אַן ערך פֿון 100 מיליאָן איינוואָהנער, קומט אויס אויף יעדען איינציגען 7 רובעל אַ יאָהר. אַ פֿאַמיליע מינדעסטענס פֿון פֿינף פערזאָן צאָהלט 35 רובעל אַ יאָהר אונדירעקטע אָבצאָהלונגען.

— דאָך — זאָג איך — דיא רייכע עסען אין טרינקען אַזעלכע פֿער-שיעדענע זאַכען, וועלכע חלום׳ען זיך אונז אפילו ניט. דאָס אַלעס קומט פון אויסלאַנד. דיא רעגיערונג לאָזט עס דאָך געוויס ניט דורך אומזיסט. אויב זיא רייסט פֿון אונז אָבצאָהלונגען אויף זאַכען אָהן וועלכע מען קען זיך ניט בעגעהן, נאָך מעהר דאַרף זיא בעלייגען דיא פֿערשיעדענע פריץ׳ישע נאַשוואַרקען.

— פֿאַר וואָס זאָל זיא ניט בעלייגען — ענטפֿערט הערשעל — גלויבט מיר, אַז דיא רוסישע רעגיערונג ווינשט זיך קיין שלעכטס ניט און וואו זיא קען נור שינדען דיא הויט טהוט זיא דאָס — פֿון אַ געשטאָרבענעם אפילו, אַבי צום לעבען.

דער פּראַטעק פֿון דיא סחורה וואָס קומט פֿון אויסלאַנד — שטייער — איז שוין גערעכענט מיט דיא איבעריגע אונדירעקטע שטייער. נור עס איז ניטאָ קיין סך. עס איז לייכט אויסצורעכנען: אָט אין גאַנצען האָט דיא רע-גיערונג פֿון דיא אָבצאָהלונגען אויפ׳ן גרענעץ 220 מיליאָן. דיא גרעסטע טהייל געלד גייט פֿון אַזעלכע סחורות וואָס דיענען פֿאַר׳ן מעהרסטען טהייל פֿאָלק. אַם מעהרסטען ברענגט מען מאַשינען אויף וועלכע מען מאַכט שטאָף און ליינוואַנד אויף קליידער, רעלסען צו אייזענבאַהנען, קאָסעס, סערפען, העק און אַנדערע כלים, פֿאַרב א. ז. וו. מיט איין וואָרט, זאַכען וואָס דאָס אָרימע פֿאָלק — אָדער עס קויפֿט אַליין, אָדער דורך דעם סוחר, אָבער אַלעס פֿון זיין קעשענע, זאָ, דאָס אויב דו וועסט גוט אויסרעכענען, וועט אויף פריץ׳ישע סחורות וויא צ. ב. ש. טהייערע וויין, זיידענס און ד. ג. בלייבען ניט מעהר וויא 6—7, זאָל זיין 10 מיליאָן רובעל. און דיא רייכע שרייען דאָך שטענ-דיג, אַז דיא אויסלענדישע סחורות זיינען בעלייגט מיט גרויסע אַבצאָהלונגען.

אָ, איהר גבירים! פֿאַר קיין גראָשען געוויסען האָט איהר ניט אין האַרצען. פֿרעג זיי וואָס טהוען זיי דיא רייכע? צו האָט דער גביר חאָטש איין מאָרג ערד געאַקערט? צו האָט דער סוחר חאָטש איין שטיק ליינ-וואַנד געמאַכט?

דאָס אַלעס האָבען אונזערע אַרבייטער-הענד בעשאַפֿען. מיר האָבען אויפֿגעבויט דיא הויכע פּאַלאַצען. מיר בויען אויס דיא פֿאַבריקען אום נאָכ-הער דאָס גאַנצע לעבען דאָרט צו פֿערברייגגען, וויא דיא געפֿאַנגענע, וואָס מוזען בויען פֿאַר זיך אַ תפיסה, אין וועלכער זיי וועלען דעם גאַנצען לעבען השך׳ן. מיר אַקערן דעם פריץ׳ס ערד, זייען, שניידען און פֿיהרען דיא רייפֿע

תבואה אין דעם פריץ׳ס שייערן. און פֿון אונז רייסט מען אָבצאָהלונגען, פֿון וועלכע עס לעבען קייזערליכע דיענער און אַנדערע ליידיג-גייער. אַלעס מיר! אַלעס רוהט אויף אונז. מיר שפּייזען אַלעמען, טרינקען אָן און קליידען — אַלע לעבען פֿון אונזער מיה, זויגען אונזער בלוט און שווייס און פֿאַר דעם אַלעמען ליידען מיר עלענר, נויטה, קעלט און הונגער.

און וואָס טהוען דיא רייכע און דיא סוחרים? זיי גייען זיך ארום דער אַרבייט, יאָגען דעם אַרבייטער און שרייען. מעג דער אַרבייטער שטאַר-בען ביי דער אַרבייט, אַבי זיי זאָלען פֿאַרדיענען — מענשען פֿעהלט ניט. אָט וואָס זאָג איך, דיא רייכע און דיא סוחרים צאָהלען וויינינגער פֿאַר אונז? — זיי צאָהלען גאָר ניט, ווייל זיי אַרבייטען גאָר ניט, וואָרים אַלעס וואָס זיי האָבען איז פֿון אונזער אַרבייט.

ניט נור אַלע רייכע לעבען פֿון אונזער מיה, נור זיי וואַרפֿען נאָך אויף אונז אלע לאַסטען. איהר ווייסט גאַנץ גוט, דאָס אידען מוזען אַליין האַלטען אַ רב, שוחטים, חזנים און נאָך זעהר פֿיעל ליידיג-גייערס. און פֿרעגט ווער גיעבט דאָס אַלעס. ווען אין אַ שטעדטעל אָדער זאָגאַר אַ גרויסער שטאָדט זיינען דאָ איינינגע גבירים, וואָס זיינען רייכער וויא דיא גאַנצע שטעדטל צו זאַמען, דאָך גיעבען זיי גלייך מיט אַלעמען, אָדער עטוואָס מעהר, וועהרענד לויט דער גערעכטיגקייט, ווען מיר וועלען שוין אויף אַ ווייל פֿערגעסען, דאָס זייער גאַנצער פֿערמעגען האָבען זיי ערווארבען דורך גנבה און גזילה, האָבען זיי בעדאַרפֿט געבען אַזוי פֿיעל, וואָס דיא גאַנצע שטעדטעל צוזאַמען. און דאָך שטעהן דיא רבנים אויף דיא זייט פֿון דיא רייכע. ניט לאַנג איז געוועז אין קריניק אַ סטרייק: אַרבייטער וואָס האָבען זעהר וויינינג פֿערדיענט און געאַרבייט זעהר פֿיעל, האָבען זיךצו נויפֿגערעדט און פערלאַנגט אַ העכע-רען פרייז און אַ קורצערען אָרבייטס-טאָג. דיא גבירים, דיא פאַבריקאַנטען זיינען געגאַנגען צום רב און דער רב האָט גערופֿען דיא אַרבייטער און זיי געזאָגט זיי דאַרפֿען גיין צו דער אַרבייט. „רבי", זאָגט איין אַרבייטער, „איך פֿערדיען דריטהאַלבען רובעל אַ וואָך. וויא קען איך דערמיט שפּייזען אַ פֿאַ-מיליע? „דאַנק גאָט דערפֿאַר" האָט איהם דער רב מיט דעם גראָבען בויך געענטפֿערט. און דער זעלבער רב האָט גענומען וואָכערס ניט וויינינגער וויא דרייסיג רובעל אַ וואָך. און אַזוי איז געווען אין לאָדז. איבעראַל לערנען דיא רבנים און אַנדערע יאַרמעלקעס, דאָס דינא דמלכותא דינא. ד. ה., אַז אויב דיא רוסישע רעגירונג דריקט און שטיקט אונז, גיבט קיין רעכטע און נעמט נאָך אַ וועק דיא, וואָס מיר האָבען געהאַט, מוז מען איהר פאָלגען, ווייטער לערנען זיי, דאָס דיא וועלט איז גאָר ניט ווערט מען זאָל זיך מיט איהר בעשעפֿטיגען. דער עיקר איז יענע וועלט. דיר איז אויף דער וועלט שלעכט, דוא שטאַרבסט פֿון הונגער, דער פֿאַבריקאַנט זייגט אויס דיין רעשט ביסעל בלוט, דו לעבסט און וואָהנסט ערגער וויא דער הונד — עס שאַדט ניט, דו וועסט האָבען יענע וועלט. דערפֿון געניסען אַם מעהרסטען דיא רייכע. און אַזוי איז געווען פֿון אייביג אָן, זינד איין מענש האָט אנגעהויבען אויסבייטען דעם צווייטען, זינד עס זיינען אויפֿגעקומען פֿון איין זייט ליידיג-גייער,

און דער צווייטער מענשען וואָס אַרבייטען איבער דיא כוחות. מען איז זיך מיט זיי בעגאַנגען און מען בעגייט זיך נאָך יעצט וויא מיט דער קוה, וועלכע מען גלעט אום זיא זאָל זיך לאָזען מעלקען, אָדער דיא גנבים אויף'ן באַהן, וואָס שלעפּען איין דעם פּאַסאַזשיר אום איהם צו בע'גנב'ענען.

— זאָגט מיר, הערשיל, גלויבט איהר ניט אז יעדע רעגיערונג איז פֿון גאָט?

— איך ווייס?

— זאָגט, איך בעט אייך.

— אַז איהר ווילט דוקא וועל איך אייך זאָגען: ערשטענס, אין הי־מעל זיינען מיר קיינער ניט געוועז. קיין געשריעבענעם קאָנטראַקט צווישען רבונו של עולם און רוסישען צאַר האָבען מיר ניט געזעהן און איך קען אייך פֿערזיכערען, דאָס קיינער האָט ניט געזעהן. איהר האָט שוין דאָס געוויס פֿיעל מאָל געהערט, דאָס פֿון יענער וועלט איז נאָך קיינער ניט צוריקגעקומען און דאָך רעדט מען פֿון איהר אַזוי פֿיעל, ריכטיג וויא מען וואָלט דאָרט געוועז. אַלעס וואָס מען קען ניט בעווייזען, גערעכט מאַכען אויף דער וועלט, לייגט מען אויף יענער וועלט, ווייל מען ווייס, דאָס אַזאַ ליעגען וועט זיך קיינמאָל ניט אויפֿדעקען.

— און צווייטענס?

— וואַרט עס וועט זיין נאָך מעהר. איהר ווייסט דאָך אַ איד וויל זיך פֿערזיכערן. אָט פֿון צו פֿיעל האָט נאָך קיין קאָפּ ניט וויה געטאָהן. צווייטענס, ניט אַלעס וואָס קומט פֿון גאָט טאָר מען ניט ריהרען. שלאַנגען, ווילדע חיות, דערנער און ווילדע גראָז צווישען תבואה שטאַמען אויך פֿון גאָט און דאָך וועט קיינער ניט זאָגען מען דאַרף זיך לאָזען בייסען פֿון שלאַנג, ווייל גאָט האָט איהם בעשאַפֿען; מען דאַרף זיך ניט היילען פֿון קיין קראַנק, ווייל יעדע קראַנק קומט פֿון גאָט. דער בויער וועט ניט לאָזען דיא ווילדע גראָז וואַקסען צווישען דיא תבואה. ער ווייס אַז דיא תבואה ליידעט דערפֿון. ער טראַכט זיך: אמת, דיא דערנער, גראָז און ז. וו. קומען און וואַקסען פון גאָט, אָבער מיינע הענד, וואָס קענען דאָס אויסרייסען האָט אויך ניט דער טייוועל בעשאַפֿען. דריטענס, אויב יעדע רעגיערונג איז פֿון גאָט, וויא אַזוי קען מען ערקלערען דיא פֿערשיעדענהייטען צווישען זיי. אָט איך וועל אייך נור עטליכע אויסרעכענען: און איין לאַנד הערשט איין מאַן, אַ דעספּאָט, אין אַ קורצע צייט אַרום פֿער'סם'ט מען איהם און זיין זוהן רעגיערט ווייטער פֿון גאָט. אין אַ צייט אַרום, אַז דאָס פֿאָלק הויבט זיך אָן צו דער־מאָנען איהרע רעכטע, דעמאָנסטרירט, שטייט אויף און דער קעניג אָדער קייזער מוז נאָכגעבען און צולאָזען, אַז דיא ערוועהלטע דורך דעם פֿאָלק זאָלען האָבען אַ טהייל הערשונג (דאָס רופֿט מען פּאַרלאַמענט) רופֿט זיך דיא רע־גירונג ווייטער פֿון גאָט. דיא אידישע רעגירונג, וואָס האָט געוואָלט אויס־ראָטען דיא גוים איז געוועזן פֿון גאָט. דיא רוימישע וואָס האָט געברענט דיא קריסטען און פֿערניכטעט דיא אידישע רעגירונג איז ווידער געוועזן פֿון גאָט; דיא קריסטליכע ווייטער, וואָס האָט געברענט אידען אויף דיא שייטערן איז

אויך פֿון גאָט. עס דערמאָנט זעהר אָן דיא צוויי מענשען וואָס האָבען געבעטען גאָט אין דעם זעלבען אָרט און צייט, איינער — עס זאָל גיין רעגען און דער צווייטער עס זאָל ניט גיין.

פֿיערטענס, זאָל שוין זיין אַז דיא רעגירונג קומט פֿון גאָט, זאָל שוין זיין, דאָס דער רבונו של עולם האָט פֿון ששת ימי בראשית אָן געמאַכט, אַז וואו עס זיינען דאָ מענשען זאָל זיין אַ רעגירונג, גוט, אָבער וואָס פֿאַר אַ רעגיערונג: צו אַזאַ וואָס דריקט דיא מענשען, וועלכע שטעהען אונטער איהר שוטץ, אַזאַ וואָס פֿערלייגט אַ יאָך אויף דיא העלזער פֿון מעהרסטען פֿאָלק, אַקערט מיט זיי און מיט דיא תבואה פֿערשאַפֿט זיא פֿערגניגונגען אַ קליינע טהייל ליידיג-גייער, קורץ, אַזאַ רעגיערונג וויא דיא היינטיגע וואָס מיינט, אַז דאָס גאַנצע פֿאָלק עקזיסטירט נור אום אונטערצוהאַלטען דיא רעגיערונג — אָדער אַזאַ וואָס וואָלט זאָרגען פֿאַר אַלע איינוואָהנער אָהן אונטערשיעד, אַזאַ וואָס וואָלט פֿערזיכערן יעדען איינציגען זיין עקזיסטענץ, וואָס וואָלט מאַכען אונמעגליך איין מענש זאָל דעם צווייטען קענען אויסבויטען. אַזאַ וואָס וואָלט זיך בעמיהען צו פֿערשאַפֿען יעדען איינציגען וואָס מעהר פֿער-גניגונגען, ניט מישען זיך אין זיינע געהיימליכע אינטערעסען, לאָזען יעדען זיך ענטוויקלען לויט זיינע נאַטירליכע פֿייהיגקייטען, קורץ, אַזאַ רעגיערונג, וואָס זאָל דאגה'ן פֿאַר דיא מענשענס גליק.

און איבריגענס, אַז מיר ריידען שוין דערפֿון וועל איך אויך ווייטער ער-קלערען. ניט אייביג איז געוועזען אַזאַ רעגיערונג. דיא היסטאָריע דערציילט אונז דאָס עס איז געוועזען אַ צייט, ווען דער קעניג האָט זיך ניט פֿיעל אונ-טערגעשיידעט פֿון אַנדערע מענשען. געלעבט האָט ער נור עטוואָס בעסער פֿאַר אַנדערע. אָט איהר האָט געוויס געלייענט וויא דוד המלך פֿלעגט אַלע אין דער פֿריה משפט'ן און שלום מאַכען צווישען מענשען. דער קעניג איז דאַן געוועזען גלייכצייטיג אַ ריכטער, פֿיהרער אין מלחמה. ערשט שפעטער ווען זיי האָבען אָנגעקליבען גרויסע רייכטהימער האָבען זיי אָנגעהויבען לעבען זעהר רייך. אַזאַ לעבען האָט ווידער געברויכט גרויסע געלדער, דאַן האָט מען אָנגעהויבען נעמען אָבצאָהלונגען אין דער פֿאָרמע פֿון קאָפּף-געלד, וועלכע עקזיסטירט שוין מעהר ניט היינט. שוין שלמה המלך, דוד'ס זוהן איז געוועזען אַזאַ קייזער, וואָס האָט געלעבט אין גרעסטען לוקסוס, געהאַט טוי-זענד ווייבער, פּאַלאַצען, ווערענד דאָס פֿאָלק, וועלכעס איז ניט געוואָהנט געוועזען צו צאָהלען פּאָדאַטקעס האָט געזיפֿצט אונטער דעם יאָך פֿון דיא אָבצאָהלונגען. גלייך נאָך זיין טוידט האָבען דיא אידען געשיקט צו זיין זוהן בעטען ער זאָל פֿערלייכטערן דיא אָבצאָהלונגען. ער האָט געענטווערט, וויא געוועהנליך קעניגע, דאָס ער וועט נאָך פֿערגרעסערען, דאַן האָט זיך דאָס מערסטענטהייל אידען אָבגעריסען פֿון איהם און אויסערוויילט אַ נייעם [illegible] דאָס זעלבע איז געוועזען איבעראַל. דיא ערשטע קעניגע און פוילען, דייטשלאַנ[illegible] [illegible]יינקרייך זיינען געוועזען אָרים, געגאַנגען באָרפֿיס וויא אַלע זייערע דיענער, געשלאָגען זיך אין קריעג גלייך מיט אַלעמען און נאַכהער געטהיילט זיך מיט דיא רויב. ערשט מיט דער צייט, ווען מעהר רייכטהימער

זיינען געפלאָסען אין זייערע הענד, ווען דיא מלוכה איז איבערגעגאַנגען בירושה פון זוהן צו זוהן אַנשטאָרט וויא פריהער, אויסגעוועלט, זיינען זיי געוואָרען קעניגע אין היינטיגען זין, וואו קיינער, פערשטייט זיך, ווייס אויף וואָס פאַר אַ צרות דאַרף מען זיי, ווען אַ פינגער אין קאַלטע וואַסער ריהרען זיי ניט, סיידען איף דעם זיי זאָלען נעהמען צעהנדליגע מיליאָנען פאַר זיך און זייערע פאַמיליעס. אָט אַזאַ רוסישער קייזער האָט כלומר׳שט אייגענע מאַיאָנטקעס און געלד אַזוי פיעל, דאָס מען רעכענט איהם פאַר איינעם פון דיא רייכסטע אין דער וועלט, עס פערשטעהט זיך, אַז ער וועט דער רעגיע-רונג ניט לייען. ער האָט מורא מען זאָל איהם ניט אַמאָהל אַרויסוואַרפען. ער האַלט דיא געלד דעריבער אין אויסלענדעשע בענק. זאָל דיא רעגיערונג זיך פערשולדיגען, צאָהלען פראָצענט און פראָצענט פון פראָצענט — וואָס אַרט עס איהם. עס איז דאָ גענוג אַרבייטער און בויערן, זיי וועלען צאָהלען. אמת עס שטאַרבען יאָהר יעהרליך צעהנדליגער טויזענד מענשען פון הונגער נאָך מעהר, מען רייזט אַרויס אין עק וועלט צו זוכען אַ שטיקעל ברויט, אמת, איין הונגער גייט נאָך דעם צווייטען, טיפוס און אַנדערע קראַנקהייטען הערען ניט אויף צו פערניכטען דיא איינוואָהנער — וואָס הארט עס איהם, אַבי עס זאָל זיין שטיל, מען זאָל זיך ניט דערוויסען אין אויסלאַנד, עס זאָל ניט פערשאַדען דעם קרעדיט.

— און אויף וואָס גייט אונזער פראַצע אַוועק — האָט הערשעל ווייטער גערעדט דערהיצט — אַ שרעק איבערצוקלערן: אונזער געלד, אונזער מיה גייט אויף דעם מען זאָל אונז דריקען און שטיקען, בערויבען אַלע מענשען, קורץ, פאַר אונזער געלט מאַכט דיא רעגירונג קייטען, מיט וועלכע זיא שמיעדט אונז.

— וויא אַזוי?

— דאָס מעהרסטענטהייל איינקינפט פון דער רעגירונג שלינגט איי מיליטער. דיא רוסישע רעגירונג האַלט שטענדיג גרייט אַ מחנה זעלנער פון העכער אַ מיליאָן. אַזוי פיעל מענשען טהוען גאָרניט, פערדיענען ניט אַ גראָשען, נאָר בעדאַרפען טעגליך מיליאָנען רובעל אויף לעבען. און דאָס זיינען דיא יונגסטע, געזונדסטע מענשען און לאַנד, אַוועקגעריסען פון זייער אַרבייט, פון זייער היים און איינגעשפאַנט אין זעלנער-יאָך, וואו מעהרסטענטהייל לייגען זיי אַוועק די כוחות און אַ גרויסע טהייל אויך דאָס לעבען. אויף דיא מאַנעוורעס שטאַרבען זעהר פיעל זעלנער. אויף דער פערסישער גרעניץ וואו עס הערשט כמעט שטענדיג טיפוס און קדחת וויל דיא טעמפעראַטור ענדערט זיך זעהר ראַש, שטאַרבען אויס כמעט אַ העלפט זעלנער, אַמאָהל נאָך מעהר. און דאָרט שטעהען 40 טויזענד זעלנער. דיא רוסישע רעגירונג שיקט אַהין טאַקע נור בלויז פאָליאַקען און אידען. אָט וואו אונזע ברידערס ביינער ליעגען! אין אַזאַ טערקישע קריעג זיינען גע-פאַלען 300 טויזענד זעלנער, טהייל פון קוילען, טהייל פון הונגער און טיפוס, וויל דיא פיהרער האָבען צו׳גנב׳עט דיא געלד און אויסגעהונגערט דיא זעלנער.

דאָס איז אָבער דער קלענסטער שאָדען, וואָס דיא מיליטער מאַכט אָן. וויט גרעסערע מאַכט זיא אָן דערמיט אַליין וואָס זיא עקזיסטירט. זיא איז דיא איינציגע זייל, אויף וועלכע עס שטיצען זיך דיא היינטיגע רעגירונגען. אָהן זעלנער מיט ביקסען וואָלט שוין פון דער היינטיגער רעגירונג מיט איהרע אונרעכטען קיין זכר ניט געבליבען.

געוועהנליך זאָגט מען, דאָס זעלנער זיינען נויטהיג אום צו שיטצען דאָס לאַנד. ווען עס וואָלט ניט געווען קיין מיליטער, זאָגען זיי, וואָלט איין פאָלק איינשלינגען דאָס צווייטע. אַזעלכע מיינונגען פערשפרייט געוועהנליך דיא רעגירונג אום צו בערוהיגען דיא ברייטע מאַסען פאַר דיא גרויסע מיה און קאָסטען וועלכע זיי מוזען טראָגען. עס איז דורך און דורך פאַלש. דיא זאַך איז אַזוי קלאָהר דאָס איהר וועט זיא אויך פערשטעהן, איהר דאַרפט וויסען, דאָס אַ שטענדיגע אַרמעע עקזיסטירט אין איירָאָפּאַ ניט לאַנג. מיליטער-דינסט וויא יעצט איז ערשט אין לעצטען יאָהר-הונדערט אויפגעקומען. און דאָך האָט איין פאָלק דאָס צווייטע ניט איינגע-שלונגען. דאַן זיינען זעלנער געווען איבעריג. שטעדט זיינען געווען זעהר וויי-ניג און דיזע, וועלכע האָבען דאַן עקזיסטירט זיינען געווען זעהר קליין; אַלעס האָט געוואָהנט אויפן דאָרף. דאָרט האָט רעגיערט מיט זיינע דיענער דער פריץ. דער בויער, חאָטש ער איז געווען זעהר געדריקט, האָט זיך זעהר זעלטען געבונטעוועט, און ווען זאָגאַר יא, האָט מען איהם זעהר לייכט איינגע-שטילט, ווייל קיין שייכות צווישען דיא דערפער איז ניט געווען, יעדעס דאָרף איז געווען בעזונדער. דאָס פאָלק אין דאָרף איז געווען פינסטער און גע-גלויבט שטאַרק און דעם וואָס דיא גלהים האָבען איהם געזאָגט, דאָס אַזוי איז געווען פון ששת ימי בראשית און אַזוי מוז זיין. ווען עס האָט זיך יא געטראָפען אַ גרעסערער אויפשאַנד, האָבען זיך דיא פריצים פעראייניגט און, ווייל זיי האָבען געקענט מיליטער-קונסט, האָבען זיי לייכט געזיעגט. דיא מאַכט פון דער רעגירונג איז געווען זעהר שוואַך. קיין אָבצאָהלונגען פאַר איהר זיינען כמעט ניט געווען. אַ סטאַלע אַרמעע איז גיט נור ניט געווען נויטהיג, נור זיא וואָלט דיא פריצים זעהר שאדען.

גאַנץ אַנדערש איז געוואָרען זינד עס איז אויפגעקומען דער נייע-צייטיגער האַנדעל. מען האָט ענטדעקט דעם קאָמפּאַס, וועלכער האָט געמאַכט מעגליך צו לאָזען זיך מיט דער שיף אויפ׳ן ברייטען ים אַנשטאָדט וויא ביז דאַן פלעגט מען זיך האַלטען ביים ברעג. מען האָט ענדעקט פיעל נייע לענדער וויא אַמעריקא, אָסט-אינדיען און ז. וו. דיא סוחרים האָבען אָנגע-הייבען ספעקולירען און שיקען סחורה אין ווייטע לענדער. דיא שטעדט זיינען געוואַקסען וויא שוואָמען נאָך אַ רעגען. עס האָבען געפעהלט אַר-בייטס-הענד, דען דער בויער איז געווען צוגעבונדען צו דער ערד און צו-זאַמען מיט איהר בעלאַנגט צום פריץ. דאַן האָט זיך דיא האַנדעלס-קלאַסע געווענדעט צו דער רעגירונג, פערשטאַרקט איהר אין מיטלען און איהר גע-גענגעשטעלט דער מאַכט פון דיא פריצים. דיא רעגיערונג האָט געזיעגט. דיא סוחרים האָבען געצוואונגען דיא גרויסע ערד-בעזיצער זיי זאָלען זיך אָב-

זאָגען פֿון זייער רעכט צום בויער (דיא ערד האָבען זיי איהם געלאָזען, דען זיי האָבען געוואָלט דער בויער זאָל בלייבען אָהן ערד) אום אַוועקציהען איהם נאָך דער שטאָדט וואו עס האָט איהם געוואַרט נאָך אַ גרעסערער דלות. ער איז געוואָרען אַ טאָג-אַרבייטער. דער מאָרגענדיגער טאָג האָט ניט גע-הערט צו איהם. ער האָט געמעגט זיין געזונד, פֿריש און שטאַרבען פֿאַר הונגער. דאָס האָט ער אויף דעם דאָרף ניט געהאַט. דאָרט האָט ער גע-האַט טרוקען ברויט אָבער פֿערזיכערט, דאָ אין שטאָדט שטעלט זיך איהם יעדער ביסען ברויט אין האַלז ביי דער פֿראַגע וואָס וועט זיין מאָרגען?

דיא האַנדעלס-קלאַסע, אָדער וויא מען רופֿט זיא היינט, דיא בורזשו-אַזיע, האָט געזיעגט. דיא בויערן זיינען אין צעהנדליגע טויזענדער געקומען אין שטאָדט, וועלכע האָט זיי איינגעשלונגען און ניט מעהר אַרויסגעלאָזען. דער שונא איז געלעגען ביי דיא פֿיס דערדריקט. אויף זיין אָרט איז אויפֿ-געקומען דיא רעגיערונגס-מאַכט. קיין מיליטער דיענסט איז דאַן נאָך ניט געווען. דער סוחר האָט זיך ניט געהיילט געהן אין דער מלחמה. דעם אַרבייטער און דעם בויער האָט ער געשאַנעוועט ניט ווייל זיי האָבען איהם גוטעס געווינשען, נור ווייל עס האָבען געפֿעהלט אַרבייטס-הענד. מען האָט געדונגען זעלנער פֿון פֿרעמדע לענדער, געצאָהלט געהאַלט; אויסער דעם האָבען דיא זעלנער געראַבעוועט. עס האָט אָבער געלוינט. דיא סוחרים האָבען זיך ניט געקענט בעגיין אָהן דער רעגיערונג און אַ היינטיגע רעגירונג וואָס איז געגרינדעט אויף געוואַלד קען ניט עקזיסטירען אָהן זעלנער. מען האָט זיך אָנגעהויבען איין פֿאָלק דעם צווייטען אַרויסצורייסען נייע מערק; מען האָט בעדאַרפֿט בעקעמפֿפֿען דיא איינוואָהנער און זאָגאַר אין פֿיעלע ערטער אויסראָטען דיא איינוואָהנער פֿון דיא קאָלאָניעס. עס האָבען זיך אָנ-געהויבען מלחמות און מיט איהר גרויסע קאָסטען, דען דער פֿרעמדער גייט ניט אויף דעם טוידט, ער האָט קיין נויטהה נוט דערצו. עס איז אַלזאָ געוואָ-רען נויטווענדיג צו שאַפֿען אַן אייגענע אַרמעע, אַן אומזיסטע, וועלכע זאָל גיין אין קריעג וויא אַ קוה צו דיא שחיטה. עס איז איינגעפֿיהרט געוואָרען מיליטער-דיענסט. אמת, מיליטער איז ניט קיין בעקוועמע זאַך: זיא לאָזט זיך פֿיהלען זאָגאַר דיא, וועמען זיא שיטצט. דיא האַנדעלס-קלאַסע האָט אָבער געוואָלט האָבען צו טהון מיט זעלנער, וועלכע מען קען אָבקויפֿען מיט געלד איידער מיט אַנדערע...

זיי האָבען בעמערקט, דאָס זיי האָבען אַ שונא אונטערן נאָז, אַ שונא וואָס איז זעהר שטאַרק און איז נאָך שטאַרקער דערמיט, ווייל ער האָט רעכט — דאָס זיינען דיא אַרבייטער, אָדער צוזאַמען דיא אַרבייטער-קלאַסע.

דער האַנדעל האָט זיך אַלעס פֿערשפּרייט, אַלץ גרעסערע מאַכען פֿון אַרבייטער וועלכע זיינען דורך דיא „בעפֿרייאונג" געבליבען אָהן אַ ביסען ברויט זיינען געגאַנגען זוכען אַרבייט אין שטאָדט. ווער עס קומט נור איינ-מאָל אין שטאָדט קעהרט שוין ניט צוריק אין דאָרף, זאָגט מען, און עס איז אמת, אָבער ניט ווייל אין שטאָדט איז אַזוי גוט, נור ווייל אין דאָרף זיינען באַלד אויף זיין אָרט דאָ אַנדערע, וועהרענד אין שטאָדט איז חאָטש דאָ אַ האָפֿנונג

צו קריגען אַרבייט. אין גיעכען האָט אָנגעהויבען פֿעהלען אַרבייט, עס זיינען געווען זעהר פֿיעל ליידיגע הענד, דיא קאָנקורענץ צווישען דיא אַרבייטער איז געוואָרען אַלץ גרעסער. דערמיט האָבען זיך בענוצט דיא פֿאַבריקאַנטען און האָבען פֿערקלענערט דיא שכירות. אַ פֿאָטער האָט שוין ניט געקענט אויסשפייזען זיין געזינדעל; זיי האָבען געמוזט אַליין אַרבייטען. דיא פֿאַבריקאַנטען האבען רחמנות געקריגען אויף דעם אַרבייטער און גענומען אין פֿאַבריק אַריין זיינע אַכט-יעהריגע קינדער און געלאָזט זיי אַרבייטען 12—15 שעה אַ טאָג. דאָס האָט אָבער אויך ניט געהאָלפֿען און דיא אַרבייטער האָבען אָנגעהויבען קומען צום פֿערשטאַנד, דאָס זיי וועלען ניט פֿערבעסערן זייער לאַגע דורך דעם וואָס זיי וועלען זיך נאָך מעהר בייגען, נור דורך געגענשטעלונג, דורך שטעלען פערשיעדענע פֿאָדערונגען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען סטרייקען פֿון אַרבייטער פֿון איין פֿאַך ניט איין מאָל. פֿיעלע טויזענדע אָדער צעהנדליגע טויזענדע האָבען געוואָרפֿען דיא אַרבייט, געפֿאָדערט אַ העכערן פרייז, אַ קירצערן אַרבייטס-טאָג, עס זאָל זיין פֿאַרוועהרט יונגע קינדער אין גאַנצען און עלטערע נור אַ קורצע צייט צו אַרבייטען אין פֿאַבריק. דיא פֿאַבריקאַנטען און דיא רעגיערונג האָבען זיך דערשראָקען, אַן אימת מות איז אויף זיי אַרויפֿגעפֿאַלען. סטייטש דאָס איז דאָך אַ מכה אשר לא כתובה בתורה. וויא אַזוי היילט מען זיא אויס? דער אַרבייטער איז ניט קיין בויער; ער קעמפּפֿט ניט אַליין. ער וואָהנט אין גרויסע שטעדט, וואו צעהנדליגע און זאָגאַר הונדערטע טויזענדער אַרבייטער זיינען פֿאַראַן. זיי קאָמוניקירען זיך זעהר לייכט. עס איז זיי געבליבען איין מיטעל, אַ שטרוי, אָן וועלכע זיי כאַפּען זיך אָן — מיליטער. פֿון דאַן אָן פֿערגרעסערט זיך דאָס מיליטער, וואַקסט איבעראַל זעהר שנעל, שלינגט איין אַלץ מעהר קאָסטען. אָבער דערפֿאַר העלפֿט ער זיי: שיסט דיא אַרבייטער און שטייט שטענדיג מיט דיא ביקסען און אַרמאָטען געגען דעם אַרבייטער-פֿאָלק גרייט יעדען אויגענבליק זיך צו וואַרפֿען אויף זיי. אָט אַזוי גלויבען דיא פֿאַבריקאַנטען וועט זיי געלונגען גאַנץ לאַנג צו הערשען איבער דעם פֿאָלק דורך מענשען פֿון'ם פֿאָלק. ווער זיינען דען דיא זעלנער אויב ניט אונזערע ברידער, קבצנים אין דער היים וויא מיר, נור פֿינסטערע, אונוויסענדע, וועלכע לאָזען זיך פֿיהרען וויא אַ פֿערד ביים צוים. דיא רעגיערונג סטאַרעט זיך דעריבער רק צו האַלטען דאָס פֿאָלק אין אונוויסענהייט, צו פֿאַרדעקען פֿון איהם דיא אורזאַכע פֿון זיינע ליידען. אין דעם העלפֿט איהר אויך צו דער גלויבען, וועלכער איז שטענדיג געווען אויף דער דיענסט פֿון דיא הערשענדע קלאַסען. אין דעם העלפט איהר נאָך מעהר טאַקע אָט דיא אָרימע לאַגע אין וועלכע דער אַרבייטער געפֿינט זיך, דיא שווערע אַרבייט וואָס לאָזט איהם ניט אָבריהען, דער דלות וועלכער האַלט איהם אין דיא ציין און לאָזט איהם ניט אַרויסקוקען, זיא האָט גענוג מיטהעלפֿער.

אָבער, האָט הערשעל מיט פֿייער ווייטער געזאָגט, עס וועט שוין אַזוי לאַנג ניט דויערן, און דערביי האָבען איהם דיא אויגען געפֿינקעלט. דיא אַרבייטער וועקען זיך שוין איבעראַל צו דעם קאַמפּף, וועלכען זיי מוזען פיה

רען מיט דיא רייכע, וואָס בויטען זיי אויס. אין אויסלאַנד זיינען שוין דאָ צעהנדליגע טויזענדער אַרבייטער, וועלכע גיעבען זיך דייטליך אָב רעכנונג פֿון זייער לאַגע. זייער צאָהל וואַקסט אַלץ מעהר און מעהר. ביי אונז אין פוילען און ליטא איז דאָ וויי ניגער, אָבער שוין אויך זעהר פֿיעל. דיא צאָהל פֿון דיא ציעלבעוואוסטע אַרבייטער וואַקסט אַלץ מעהר. אמת, מיר האָבען צו קעמפּפֿען מיט אַ גרויסען פֿיינד — ער איז אָבער אינוויניג צופֿוילט. ביי איהם אין לאַנד, אין רוסלאַנד גופא, קעמפען אויך דיא אַרבייטער געגען איהם.

❊ ❊ ❊

לאַנג, לאַנג האָב איך געקלערט איבער דעם אַלעם וואָס הערשיל האָט געזאָגט. ניט איין מאָהל פֿלעג איך מיט א כיון אריינגעהן צו איהם אַבענדס, פֿרעגען וועגען דאָס, יענעס, ביז ער פֿלעגט זיך צורייִדען אַז עס איז געווען אַ מחיה, אין קאָפּף איז געוואָרען אַלעס קלערער. גאָר אַנדערש האָט דער מענש אָנגעהויבען קוקען אויף דער וועלט און האָט בעקומען האָפֿנונג, דאָס ניט אייביג וועט זיין וויא יעצט; דאָס עס וועט קומען אַ צייט, ווען עס וועט ניט זיין אויף דער וועלט קיין אָרימקייט, אונוויסענהייט און קנעכטשאַפֿט.

אָט דיא האַרץ פֿרייט זיך, ווען דו בעמערקסט דאָס אַזעלכע מענשען וויא הערשעל איז דאָ אַלעס מעהר.

עס איז שוין צייט צונעהמען זיך צו דער אַרבייט. מען דאַרף זיך מיה געבען פֿערשפּרייטען צווישען פֿאָלק דיא וואַרהייטס-ווערטער, לערנען דיא וואָס פֿערשטייען וויי ניגער פֿאַר אונז זיי זאָלען וויסען וויא זיך צו האַלטען און ווע מען צו גלויבען.

אונזערע שונאים זיינען שטאַרק, זעהר שטאַרק, אָבער דאָס פֿאָלק איז הונדערט מאָהל שטאַרקער; זאָל עס נור פֿערשטיין, אז עס איז אַזוי שטאַרק. מיר מוזען אַרויסטרעטען ניט ביסלאַכווייז נור צוזאַמען, דאַן וועלען מיר זיי אין שפּייאַכץ דערטרינקען און ערווערבען אַ פֿרייע פֿאָטערלאַנד, אין וועלכער דאָס אַרבייטער-פֿאָלק וועט הערשען אַזוי, עס זאָל ניט זיין קיין אויסבויטונג, קיין אונטערדריקונג.